ריקודה פּאָטאש

# מולד איבער תמנע

## לידער

הוצאת ספרי תרשיש ירושלים תשי״ד

# אינהאלט


תמנע 8 גלי מיך אויס
9 קאַנטאַטאַ
10 דער מולד איבער תמנע
12 טויבן איבער תמנע
13 א תפילה פון אָדלער
14 זאמד-רעגן אין תמנע
15 אייזלען און קעמלען
16 קופּערנע אָוועטורע
17 די קופּער-גרעבער
18 דער לעצטער שומר
22 ווידער-קול פון תמנע
23 דער טויט פון אָדלער
24 קופּערנע נעכט
25 דער קופּערנער מלך (באלאדע)
26 דאס דעקטוך איבער תמנע
28 דער פאַל פון מלכת-שבא

רעקוויעם פאר 30 א תהילים צווייגעל
מיין ברודער מרדכי 32 רעקוויעם
38 דיינע ווייסע פעלדער
39 דער זעלבסטמאָרד פון אאשפּוגעל אין שפּיטאָל

ווייסער צוויט 48 א שווארצער אקווארעל
פון איינזאמקייטן 48 א גוואַש-פּאָרטרעט פון א בוים
49 א צייכנונג

55 מיין בארג פון ירושלים
56 דאס ראָד מזלות פון בית-אלפא (באלאדע)
60 מיין מאמע שרייבט א בריוו
61 די באלאדע פון הינדל-חנה׳ס תפילה
64 מיין מאמעס שיך

פון מיין קערשן-צייט
68 פון מיין קערשן-צייט
72 מיין שוועסטער
73 טאָקאטא און פוגא
75 די גאלדענע פישלעך
77 געזאלבטער פרילינג
78 געקרוינטער פרילינג

ווידמונגען
82 אָדע צו מיין טאטענס אכציק יאָר
87 אביביתה׳ס טאָגבוך
88 חֲמָנִיּוֹת
89 דיין סבתה׳ס טויט
90 דער לעפל
90 שפיטאָל-מוזיק
91 גליק
92 טאליזמאנען
93 זכרונות
93 עין גדי אָלעשן
95 די אויגן פון ישראל-דערפער
98 געשפענסט פון א פידל זאבין
99 א וואָגען מיט קינדער-שיכלעך (אַרדאָנען)
101 א קינדער-וואָגן מיט א ליאלקע

אינ'ם פייערדיקן יקום
אויס וואס האסט אויסגעגליט
תמנע
גלי מיך אינ'ם קופער
סטעמפל מיין ליד
און לאָז אריין מיך
אין דיין יצירה
ווי איך האָב דיך אריינגעלאָזט
אין מיין שטומקייט -
גאָט
אין דער וויסטעניש
פון דיינע מכרות
דאָ ווו די זיילן פון שלמה'ן
שטורעמען מיט גבורה,
קנעט מיך אריין
און מיש מיך אויס,
מיט זייער אוראלטן קיזל
זאל מיין בלוט מיט שטיין
זיך ריזלען
מיט די אויסטערלישע
קיזלען -
לאָז מיך בלייבן הארטנעקיג
עקשנותדיק

און קופּער מיך אויס
אין דיר
תּמנע
גלי דו מיך אויס
גאָס

## מדבר־קאַנטאַטאַ

גערלע ערד,
ברוינע ערד
ערדערנע ערד
מלכות פון וויסטעניש –

מלכות פון וויסטעניש
זיצט אויף א גאָרן פון
רויטער שקיעה –
דער הימל איז אזוי נידריק!
גייען ארויס מלאכים
הויבן אויף דאָס דעקטוך
פון זאמדן
טראָגן עס אריין
אין דער רויטער שקיעה –

דער מולד
איבער תמנע

אין א קופּערן הויז
האָט געלעבט דער מולד
דער מולד
פון תמנע.
אין א קופּערנעם מאנטל
מיט טויזנטער קנעפּ
איז ער געווען
פערקנעפּלט. –
סקופּערנע הויז
האָט געשוויגן
אין תמנע –
ארויסגיין פלעגט ער
דוקא אין טונקעלע נעכט
מיט זיין דינער
שווערד
קרייזן נסיעות
איבער קופּערנער
איבער קופּערנער
תמנע –
אז ער איז אלט געווארן;
דער מולד
איז אלט געווארן –
דער מולד –

האָט ער זיך אליין
מיט זיין דינער שווערד
געקוילעט –

## דער וועג פון תמנע

גיי אריבער זיבן שפאן
זיבן מאָל צו זיבן,
בוק זיך פארן קופער־גאט
זיבן מאָל צו זיבן –

גראָב ארויס פון דאָרט די טעג
די טעג פון אלטן עֲבָר;
בלאָז ארײַן אין זיי דעם שם
ווי אין נייעם הֶוֶה...

נעם ס׳געשריי פון שטיין און בוים
זיי רופן דיך נאָך ווידער;
דאס מלכות תמנע לעבט נאך היינט
קני איך דאָ אנידער –
כ׳לאָז אראָפּ מיך צו דער טיף
דאָס מעשענע קעניגרייך בולבעט
מיט א יחוס־בריוו...

סע שטאַרצט אַ ריזן שטיין קאַפּויער
מיט אַן אויג און מיט אַן אויער –
ער לייענט פאַר מיר אויפן קול
זיבן שפּאַן צו זיבן מאָל – –

## טויבן איבער תמנע

כ׳האָב אויסגעבעטלט
אַ טויבן־פלאַטער
תמנע!
כ׳וויל אַ תפילה וואַרקען
תמנע!
אַלטע קופּערנע וועלטן
רוישן אין מיר
תמנע!
אַלטע קופּערנע טעג
פליען איבער מיר
תמנע!
כ׳האָב אויסגעבעטלט
אַ טויבן־פלאַטער
תמנע
כ׳וויל אַ תפילה וואַרקען
תמנע!

זיי זיינען די לעצטע
די לעצטע אין תמנע;
דאס קופער פון אונטן
הערט זייערע הימנען –

דאס קופער פון אונטן
קופערט א תפילה;
אדלער די לעצטע
מיט זייער קהילה...

פליען אריבער
דעם קופערנעם שטח,
מיט פליגל זיי תפילה'ן
א פליגל געבעטעכטס...

ווער סהאט נישט געזען
די אדלער אין תפילה,
דער האט נישט געהערט
א תפילה א שטילע –

דער האט נישט געהערט
ווי אדלער זיי בעטן;
זיי ליגן צעפליגלט
מ'קאן זיי צעטרעטן...

וויאָגעט א וויאָגע
א זאַמדן־טריוואָגע!
זעמדער און ווינטן
ווערן משוגע. –

די קופערנע גראָבן
מיט קופערנע בויגן
פליען געפלויגן. –
א זאמד־רעגן וויכער,
מיט זאמדיקע טיכער
א פאטא מאָרגאַנא
פון געל־רויטע ווינטן –

וואכט אויף אין תמנע
דאס קופערנע גרין;
פראלט און צעשטורעמט
– וואו – אהין? – –

קלאפט תמנע זיך
אל חטא אויפן קופערנעם
הארץ;
אל חטא – אל חטא – –
פארשלעפן די ווינטן

איר קופּערנעם בעט –
שטייט א נאַקעטע תּמנע
אינ'ם זאַמדיקן העמד;
ביז ס'קומט אָן א שטילקייט
פון אַן אַנדערע פרעמד...

## אייזלען און קעמלען

אין תּמנע
אין א פריען פרימאָרגן
האָט א גמל מיט אַן אייזל
אין די זאַמדן זיך פאַרבאָרגן –

האָט א גמל
און אַן אייזל
אין די שעהן די פריע
פּיס אויף פּיס זיך אויסגעלייגט
א תּפילה אויסצוקינען. –

זיי האָבן זיך ביידע
מיט קולות צעלאָזן;
געכאָרכלט, געשעפּטשעט
תּקיעה געבלאָזן...

געבעטלט ביי גאָט
ליגנדיק אויף ערד;
ער זאָל זיי באשאפן
צו פשוטע פערד...

קופּערנע אָווערטורע

א קופּערנער גלאק אן אלטער
קלינגט א מיטאג שעה,
ער רופט די קופּער־גרעבער
צו בענטשן די שלוה, די רו –

ליארמען ארויס די קולות
פון אונטער ערדישער צוים
רוישט אין ווינט אן אלטער בוים
קלינגט דער גלאק די מיטאג שעה
נאר סאיז קיינער נאָך נישט דאָ –

קלינגט דער קופּער גלאָק נאָך העכער
קלינגט און שלאגט די מיטאג שעה
רופט נאָך אלץ די קופּער־גרעבער
צו דער שלווה, צו דער רו...
נאָר עס קומען נישט די גרעבער

סע קומט א קלאנג א ליידיק קול
קלינגט דער קופער־גלאָק נאך העכער
רופט די גרעבער ווי א מאָל...

די קופער־גרעבער

אויסגעטרעטן פוס און סטאפעס
ליגן זיי אין הייל אין רייען
טיילמאל דאכט זיך אז זיי גייען -

ס'שלעפן קוישן לעצטן קופער
טויטע פוס־טריט אויסגעשוויצטע
- אויסגעבריטע -

שטייט א וויג אינמיטן וועג
און וויגט און וויגט
- די אלטע טעג -

נישט דערוויגט קינד און קייט
שטייט די וויג און וויגט און גייט - -

אויסגעטרעטן פיס און סטאָפעס
ליגן זיי אין הייל אין רייען
טיילמאל דאכט זיך, אז זיי גייען - -

שרייט קופּער צו קופּער,
שרייט גראָב, צו גראָב -
קלאַפּט האַמער אין האַמער,
קלאַפּט רידעל צו רידעל -
און לאָגל צו לאָגל
גיסט זיך צו לאָגל - -

און אין דרויסן
שטייט דער לעצטער שומר -

שלאָגט קלאַפּ אָן אין קלאַפּ,
ענפערט אַן עכאָ
אַן אַנדערן עכאָ -

און אינדרויסן
שטייט דער לעצטער שומר -

ס'הערט זיך אַ גוֹסן
פון אַ קופּערנעם זֶמֶר
קלאַנג שלאָגט נאָך קלאַנג
און זֶמֶר רופט זֶמֶר

און אינדרויסן
שטייט דער לעצטער שומר - -

איצטער האָט א שאָטן

מיט א שאָטן זיך געטראָפן -

אנגעשטויסן האט זיך איין שאָטן

אינ'ם צווייטן -

ס'גייט דער לעצטער שאָטן

דעם צווייטן באגלייטן - -

און אינדרויסן

שטייט דער לעצטער שומר - -

איצטער ווארפט אראָפּ

דער שומר זיינע בגדים:

- ווער א שטיק קופּער

בן־אדם! - -

ער נעמט אראָפּ זיין גארטל

פון שאָפּענעם לעדער,

צעשניידט אים אויף פיר

דעם גארטל פון לעדער -

ווארפט איין שטיק קיין מזרח

א צווייטן קיין דרום

א דריטן קיין צפון

א פערטן קיין מערב:

בוקט זיך מיט א לאנגער שמונה־עשרה...

זאגט אן אָטעמדיקע תפילהדיקה תפילה;
פאר דער וויסטער תמנע
פאר איר קופערנער קהילה...
און די פייל צילט ער:
איינע קיין ירושלים,
איינע קיין שומרון
איינע קיין אשדוד
איינע קיין לכיש..

טוט אויס די שפּסענע שיך:
ווארפט אוועק די בגדים:

און אין דרויסן שטייט נישט מער דער לעצטער שומר --

ווארפט זיך אנידער
אויף דער זאמדיקער ערד

און אינדרויסן שטייט נישט מער דער לעצטער שומר --

איצטער הויבט אן די תפילה צו ווערן:
עס קופערט זיך לאנגזאם
אין קופער זיין שטערן...

עס קופערט זיך לאנגזאם
דער קאפ און די האָר;
די אויגן, דער האלדז

און אויך די אויערן –
פאמעלעך ווערט א שומר
אין קופער פארלוירן...

זיין האנט און זיין פוס
און די קופערנע מנורה;
ס'ווערט שוין האלב נאכט
די צווייטע אשמורה..

און אינדרויסן שטייט נישט מער דער לעצטער שומר. –

דער שליסל ווערט קופער
זיין אויער און די לענדן –
פארשלאָסן די מכרות
מיט אין־סוף פון ענדן...
עס שלאָפט איין דער שומר

מיט קופערנע אויגן;
דער גאָט וואס הייסט תמוז
איז מיט'ן זומער געפלויגן – –

רוף איך בערג,
רוף איך שטיינער;
ענפערט קול
דעם ווידערקול
נישט דאָ, קיינער!!

רוף איך זאמד,
רוף איך זעמדער;
רוף איך בוים
רוף איך צווייגן
רוף איך מאָרגן
רוף איך אָוונט
ענפערט קול
דעם ווידערקול
קלאפט דאָס קול
אין שטיינער
נישט דאָ - קיינר!

רוף איך טעג
רוף איך נעכטנס
רוף איך שעהן
רוף איך רגע'ס
רוף און רוף
צעפאלן ברעגעס -

צעפאלן שטיינער
נישטא - קיינער!

רוף איך מיך
מיין קול ווערט ווינט -
צערינט מיין עכאָ און פארשווינדט

## דער טויט פון אָדלער

ס'האָט געדעמערט און געפינסטערט
תמנע איז געלעגן מיט א צער;
אז דער מלך איז שוין טויט,
געשלאָגן האט די אָדלער, דער האר - -

זיי האבן זיך מיט פליגל צוגערופן,
געפאָכעט געפאַטשט, געטויבט;
דער עלטסטער אָדלער האָט משונעדיק געשוויגן
די אנדערע האָבן אויפגעהויבן דינעם שטויב -

אין תמנע'ר גראָבן האָבן קופערן געוויינט,
האָבן קופערן מיט קופער־גרעבער צאָרניק געהעמערט -
די גראָזן וואָס שטארצן פון די זאמדן
האָבן אויפגענומען א טרויעריקן זֶמֶר - -

די אָדלער האָבן צווישן וואלקן זיך געזאמלט
אויף זייער לשון א קַדיש אויסגעשטאמלט -

ס'האט פון ערגיץ געצונדן זיך א שרפה
דער מדבר איז איינגעהילט אין רויך;
א ווילד־רויטע אחזרדיקע מַגֵפָה
די אָדלער פאלן פלוצים פון דער הויך -

זיי פאלן און זיי פאלן און מאכן צו די אויגן
ס'האט א שטיין דעם קאָפּ הכנעדיק געבויגן
א ווידער־קול האָט פון ערגיץ גערופן
אויף אייביק זיינען אָדלער איינגעשלאפן...

## קופערנע נעכט

אין תמנע
גייען ארום קופערנע נעכט
מיט האלבע קופערנע לבנה'ס
וויקלען זיך איין אין טליתים
פון מדברדיקער שטילקייט -
קופערנע דורות
קומען ארויס זיי אקייגן
קומען מיטשווייגן,
דעם מדברדיקן זאמדיקן וועג -

דערנאך קומט ארויס דער קופערנער שלמה
שמועסט מיט די שאקאלן
וואָס פארציילן זייער געוויין
נאר פאר אים אליין – –

טוט זיך אָן די לבנה
א קופערנע נאכט אויפן קאָפּ
לאזט זיך אין די קופער־גראָבן
ווי א וואָלקן אראָפּ – –

דער קופערנער מלך
(באלאדע)

רייט א קופערנער מלך ביי נאכט
מיט א שארפער שווערד;
שלאגט א פחד פון דער ברוסט
ביים יונגן ווייסן פערד –

קלאפּט אָן א שטאל אין א שטאל;
א וואו איז געריטן דאס ווייסע פערד?
ס'ברומען פון ווייט שטיינערנע וועגן
קופערנע אוצרות שרייען פון ערד...

נאכט אויס, נאכט איין, רייט דער מלך
טאָג אויס – טאג איין – רייט דער מלך –

נאכט אויס נאכט איין - רייט דער מלך
טאָג אויס - טאג איין - רייט דער מלך...

נידערט אראָפּ דער הימל מיט שווארץ
די שטערן ליגן אין קופּער בעהאלטן;
אשמדאי פּאָרט מיט דער יונגער לבנה
איבער'ן מילך־וועג דעם קאלטן...

פארהוילן איז תמנע
פארהוילן די גראָבן;
א געזאנג פון קופּער
פון קופּערנע ראָבן...

עס מאכן זיך אויף קופּערנע טויערן
פון ערגיץ הינטער דער ערד;
עמעצער טוט דעם מלך פירן
מיט'ן ווייסן פערד -

דאָס דעקטויך
איבער תמנע

מאמע זיצט אין תמנע
שוין א גאנץ מעת־לעת -
מאמע זיצט אין תמנע
ס'דארף געשען א נס -

ס'דארף געשען א נס
א נס אין זיבן ווינדער;
זי וויל אין תמנע קובר זיין
דאס אש פון אירע קינדער. –

נייט מאמע א דעקטוך
שוין א גאנץ מעת־לעת...

ס'דארף געשען א נס...

דער ווינט האט עס געבראכט
ס'אש ארויסגעבלאָזן...
אויף די וויסטע זאמדן
אויף די קופּער־גראָזן...

דאס אש פון אירע קינדער
א דעק פון ווייכע וואָל;
זי וויגט א וויג – א וווּנדער
א וויג פאר אלעמאָל...

אין הימל זאָגט זי קדיש
אויפן הויכן קול;
איינגעדעקט די קינדער
אין תמנער קופּער־וואָל...

דער פּאָל פון
מלכת־שבאָ

דאָ אונטן אונטער די קופּערנע וועלטן
דאָ ווי סע קיניגן קופּערנע צעלטן;
דאָ ווי סע לעבט נאָך א שטיין מיט א שטיין
דאָ ווי ס'בעהאַלט זיך א קופּערנער שיין -
דאָ איז געבליבן דאָס מלכות פון פּאָל,
דער קופּערנער הימל דער קופּערנער שטאָל;
דער עֶבֶד פאַרקופּערט ליגט און ער פּוצט
א ווונדער־געמעל בלאַנקט דאָ און בליצט...
דער בריוו מיטן ליבע־סוד צו מלכת שבא
לעבט דאָ פאַרקופּערט מיט א ראַנד וואָס איז בלאָ..

א קופּערן שלעסל הענגט מיט א סוד...
דער מַטְמוֹן פון רייד, א פאַרזיגלטער ראָד...

דער עֶבֶד פאַרקופּערט ליגט נאָך און פּוצט
א ווונדער־געמעל בלאַנקט דאָ און בליצט...

א

באשעפער
האָסט מיר אנגעטאן סקאפּיטל לט
א צווייגל תהילים ווי א דערענרקרוין
די אותיות לייגן זיך ארום די צעלן
פון מיין הארץ
און ס'הארץ גליט און בריט -

- - -

נאלמתי דומיה:
טו מיר צו וויסן, באשעפער,
דעם סוף און די לענג פון מיינע טעג
וועל איך וויסן אויפצוהערן מיין ליד.

כ'האב דיר צוגעזאגט צו היטן מיין צונג
פון אן איבריגווארט וואס איז נישט
אויסגעטראגן אין מיין אינגעווייד -
טו מיר צו וויסן -
צווישן מיינע פויסטן האָסטו געלייגט
די לענג פון די טעג -
כ'קאָן נישט שפּאַנען אָן דיר מיין טריט -
צווישן דיינע שוועלן ליגן מיינע
אַפּגעלאָפענע יאָרן -

כ׳וועל גיין קיין גבעת שאול
יעדן טאָג -
יעדן טאג וועל איך גיין -
כ׳וועל גיין מיט דעם שטערן־וואָגן
דער שטערן־וואָגן וועט מיך צוריק ברענגען -

און ווידער וועל איך אָנטאָן
דאָס צווייגל־תהילים אויפן קאָפּ
דעם גורלדיקן פּזמון
פון מזמור שיר צו מיין ברודער
מיט׳ן יאָר אכט און פינפציק.

ב

אפן שטייט דאס טויער
דאס טויער ווו מיר מוזן גיין -
אומקערן וועלן זיך
אונזערע פרילינגן,
אין הויכע מימאָזעס,
אין ווייסע בעז־בוימער,
אין קערשן־בליטן
עפל־בוימער וועלן זיך רויטלען
מיט אונזערע יונגע פנימער
און קוקאוועס פון וועלדער

װעלן רופֿן אונזער פּאַריתומ'ט
גערעכטער –
נאָר די װײַסע שטײַנער
װעלן שװײַגן –
װעלן שװײַגן שטילקײט –
מיר װעלן זיך אומקערן
מיט אַן אות, מיט אַ גרינעם בלאַט;
אפֿשר אין ניסן־טעג
און אפֿשר אין שְבָט?

## רעקװיעם

א

ס'האָט שױן אױסגעטרונקען
דער הימל
מײַן נעכטיקן טרױער
מײַן אבלות איז אים גוט
באַקומען –
בלױ האָפֿערדיק
בלױ בגליפֿונדיק
איז ער געגאַנגען שלאָפֿן
הינטערן באַרג.
האָבן שאָקלען שװאַרצע

נאָך געוואָיעט
נישט געוואָלט דער הימל
זאָל זיך לייגן שלאָפֿן
אינ׳ם בעטגעוואַנט פֿון וואָלקן –

דערנאָך האָט לבנה
מיט ווייסע מילך
געוואשן מיך, געפּאָיעט
ס׳זאָל שטיל ווערן מיין העשען –
כ׳בין איינגעשלאָפֿן
אויף לבנה׳ס הענט
ס׳איז געקומען א שטערן
אויסגליען מיין טרויער –

ב

כ׳בין צוריק געקומען
פֿון דער לויה
מיין ברודער איז שוין
צוגעדעקט מיט דער ערד
פֿון ירושלים –
די מערץ־זון האט כסדר געגעסן
דאס זאלץ פֿון מיינע אויגן –
אין מיין אויגן־בעט
האט זיך ארייינגעשארט

דאס געזאנג פונ'ם חזון
פאר דעם טויטן –
די בעזעמלעך פון מיינע אויגן
האָבן אויסגעקערט די נאָדלען
וואָס האָבן גענייט
די טויטע קליידער
פאר אים –

ג

אז מיר האבן דיך געבראכט
צו דער ערשטער נאכט
אין אייביקן פינסטערן בעט
האבן די גבעת־שאול פינסטערנישן
מיט אונז מיטגעפינסטערט –

שווארצער פארבאָרגענער פינסטער
האט מיך גלייך דערמאָנט;
אז דיין ווייס געלעגער
איז וויסט געבליבן
וועסט נישט מער אנלענען די קראנקע
דיינע פיס
נאָר ס'וועט שטיין
אן אָבל דיין בעט
ביז'ן ענד פון אַלע טעג –

אין גבעת־שאול וועט אויפגיין א שטערן
וועט זיך צינדן מיט דער ליכטיקייט
פון אלע דיינע ליכטיקייטן
און ס'וועט די פינסטערניש
ארויסגיין
וועט נישט וועלן מער צוריק אריין
ווייל דו האָסט אנגעצינדן
איבער דיר א שטערן –

ד

און סהאָט זיך אנגעהויבן
דאָס שטארבן:
אלע שעהן פון דיר זיינען מיטגעשטאָרבן
אויך מיר אלע זיינען מיטגעשטאָרבן –

זיצן אלע שעהן דיינע
אין בלויע פענסטער;
סע גייט ארויס א מראה
ווערן אלע גרוי און שארע –

ה

אז איך האב זיך דערמאָנט:
אז דיין פערלדיקע שריפט
מיט דיינע צווי הענט

זיינען אויך געשטאָרבן
האָב איך אויסגעלאָשן אין מיר
אַלע טעג וואָס כ'האָב אין זיי געגלויבט
אַז דו וועסט געזעגענען –

ו

ס'פּנים פון טאָג
אַ ברוינער,
אַ געלער –
אַ קופּערנער טעלער –
דער מלך שאול
אין אַ צעבראָכענער קרוין
הויבט זיך אויף פון אַ שטיין
קוקט דיך אָן –

מיט אַ גרינעם האַריקן קאָפּ
בליט די שטילקייט –
מיט אַ דינעם לבֿנה־מעסערל
קריצט זיך דיין נאָמען –

סבלויע פענסטער
טוט אַרויס אַ האַנט
ווי די האַנט שרייבט
פּערלדיק דיין נאָמען –

די מײ״ם
די נו״ן
האָבן זיך אנידערגעזעצט
זײ װעלן אויסזיצן דאָ
אַן אײביקײט – –

ז

דרײ בלויע פענסטער
האָט מײן טויטער ברודער
מיט פּרוכעסן זײנען זײ
פאַרהאָנגען –
אז זײ װערן שטויביק
װאַשט ער זײ אין טײכל
אונטן
אין גבעת שאול – –

ליגט א רויטער פלעק דאָרט
די זון האט אויסגעטאָן
איר העמד
טוליעט זיך צו דער קדושה
פון דעם טײכל...

דער טאג פאַרגײט
אלע טעג פאַרגײען

א נאָדל־בוים פונווייטנס
נייט ווייסע בגדים
פאר דער געשטאָרבענער זון
פון מיין ברודער –

## דיינע ווייסע פעלדער

געקומען זיינען שניידן
דיינע פעלדער
סטראכעס פאר פייגל...
זיי האבן אלע אינקונאבלען
געשטאָכן מיט די שנאָבלען
נישט געוווסט ווי אזוי
דיינע זאנגען צונויפצונעמען –

די מאָן־טונקעלע פינטעלעך
מיט די שמאָלע תג״ים
האָבן געשוויגן –
די גזשאָנדעס דיינע
נישט פארענדיקטע
געשוויגן –
ביסט דאָ געווען
און ביסט נאך תמיד דאָ!

כהאָב דיך געזוכט
אויף אלע דיינע פעלדער
די ''סטראכעס'' האבן זיך גענומען
באוועגן, דרייען זיך אין ווינט...
און איך האב דיך געזוכט
אומעדום דיך געזוכט. –

כהאָב זיך געוואלט בעהאלטן הינטער דיר
דו אנטרינענער –
כוועל איינשפארן מיינע טעג
דו אנטרינענער –
דו גייסט ארום אין מיינע טונקעלע
קאמערן
דו אנטרינענער –

דער זעלבסטמאָרד
פון אַ שפיגל
אין שפיטאָל

א
אַ גורלדיקער איז דער שפיגל פון שפיטאָל,
אַ יחוסדיקער אהער געקומען;
אַ געשליפענער, אַ פאַרצירטער
ריין־ריינער קרישטאָל.

אַן אַלטער, אַן ענגלישער, אַן אויסגעוואַקסטער
מיט אַ שײנער רעם,
אַביסל אַ געפּאַקטער אויפֿן פּנים.

מיט אַן אויסגעצופּטער ברעם,
שפּיגלט זיך אין אים דער װעכטער
מיט אַ קאַפּל אַזאַ װײַסן
מיט װײַסע גרויע האָר,
שפּיגלט זיך דאָס גאַנצע יאָר.

ב

סע שפּיגלט זיך אַ שאָטן,
פֿון אַ האַלבן מת אַ מענטשן;
אַ בלײכן חולה,
װאָס ער קאָן שוין מער נישט גײן.
פּאָרט אויף אַ װעגעלע
אַהין־אַהער –
אינעם שפּיגל גלײַך אַרײַן.
ער בלײַבט דאָרט שטײן
װאונדערט זיך און גאַפט;
ער זעט דאָרט גאָר נישט זיך
נאָר אַן אַנדערן, מיט אַ פּליך –
װאָס איז קראַנק,
מיט אַ געלן, געלן פּנים,

מיט דריי טיפע שניטן
דריי טויט־סימנים,
ווייל דאָס זיינען
די לעצטע, לעצטע שניט –
ער האָט נישט מער קיין טראָפּן בלוט.
אַ צורה פון אַ בר־מינן.
– וואו איז ער?
נישט מער פאַראַן?
ער, דער פריערדיקער,
דער יונגער,
דער פאַרשייטער?

– און אפשר?
אפשר שטייט ווער אַנדערש אינעם שפּיגל?

די רעדער פונעם וועגעלע
רעדלען זיך אַוועק.
ער, דער קראַנקער,
צוגעדעקט מיט אַ בלויער
קינדער־דעק.

ג

דער שפּיגל האָט געכאַפּט די זון
פאַר די בלאָנדע צעפּ!

דאָס איז די שוועסטער פון לאטרון.
ער קושט זי אין די האָר
אין איר תבואה־קאָפּ.

ד

אָ!
סע נענטערט זיך ג׳ פון עטרות.
דו, ליבער גאָט!
זי האָט נישט מער קיין צורה פון אַ פרוי,
בלויז אַ שטיק פאַרבלאַסטער בלוי,
אַ שטענגל אַ פאַרטריקנטס,
אפשר בלויער בעז?
מיט אויגן־לעכער טיפע
אַן איינוואוינערין שוין פון לאַנג
זיצט פאַרלאָשן
אינעם שפּיגל אויף אַ באַנק.

ה

דער שפּיגל איז מיט טרויער אָנגעשוואָלן;
די ווייסע שפּיטאָל־שטיינערנע פאָלן
שלאָפן איין אין מיטאָג־שעה.
מען טראָגט אַרויס אַ מת.
געראַנגלט זיך אַ גאַנץ מעת־לעת.
דער שפּיגל זעט בלויז

איינגעהילטע קנאָכן –
סע ווערט זיין שפּיגל האַרץ צעבראָכן.

ו

נאַכט.
סע שטערנט זיך פון שטערן אַ געבעט.
אַ טונקל קריגל מיט אַ בלום
פאַרענדערט זיך אין שאָטן,
ווי אַ שוואַרצער קרוק.
די לבנה גייט אַריין אין שפּיגל
מאַכט זילבער־ליכט.
אַ גריל אינעם גאָרטן זינגט רעקוויעם,
סע פינצטערט אינעם שפּיגל אַ קראַנק אויג.
דער טויט קלויבט צונויף די טאָוולען פון פיבער,
אינעם שפּיגל וויינט די נאַכט.

ז

אַ קראַנקער שרייט:
דער חוט־השדרה אים צעפאַלט.
קנאָכן־טובערקולאָז.
אין שפּיגל וויגט זיך ס׳רויטע לעמפּל,
ס׳גלעקל פון זיינע פינגער פאַלט פאַרחלשט –
לבנה גיט אים זילבער־שלאָף־געטראַנק
פון אַ מילך־בעכער...

ח

די פּאַר לווירנקייטן זינקען אינעם שפּיגל
אין זיין תהום פֿאַלן אַריין אומעטן
אין גאָרטן שלאָפֿט איין אַ בוים,
זיין שאָטן אויפֿן שפּיגלס ברוסט...

ט

אַ נייער אומעט לעכערט דורך די שפּיגל־ברוסט,
דער יונגער פֿון דער אָפּטיילונג נומער זעקס,
וואָס האָט געשלעפּט זיך אויף צוויי שטעקנס
איז אַוועק.
נישטאָ –
דער הימל פֿאַלט אַריין אין שפּיגל
מיט אַ מוטנעם גרוי.
דער שפּיגל זעט דאָס ווייסע ליילעך
מיט די גרינגע שטעקשיך,
דאָס אָפּגעריסענע מורמלען
שוועבט אַרום מיט שרעק,
אויך ער איז אַוועק.

י

אַ שטיק מימאָזע־צווייג
וואַלגערט זיך אויף דר׳ערד.

יא

דער שפּיגל שווימט אין אַ טייך פון גלאַנציקער
פינצטערניש...
אַן אלונקע טראָגט ווידער אַ מת,
דעם מיט די קאשטאן־האָר,
געלעגן דאָ דריי יאָר.
ווי מיט אַ גנבה
אַנטלויפט מען מיט זיינע איינאונצוואנציק יאָר.
ס'ווערט ליידיק ס'בעט,
דאָס ליילעך ליגט פאַרשרומפּן,
דאָס גלעקל אויף דער ערד.

יב

דעם שפּיגלס האַלדז האַלט זיך אויף אַ האָק –
ביי דער זייט, דעם וועכטערס ברוינער ראָק.
דער שפּיגל פאַלט, צעברעכט זיך.
די וואַנט בלייבט בלויז מיט דער רעם,
דער וועכטער מיט דער אויסגעצופּטער ברעם,
ציטערט אויף –
דער קראַנקער אויפן וועגעלע פאָרט אַריין פון הויף,
קוקט אַריין –
ווער קאָן אַ שפּיגלס האַרץ פאַרשטיין?...

א שוואַרצער
אקוואַרעל

אויף מיין שוועל
איז געפאלן די נאכט.
מיט א נאסן טונקעלן
גרינעם פלעק
איז געפאלן די נאכט –
ס'האט אקייגן איבער
א יונגער נאָדל־בוים
געניית רעגן־טראָפּן.
די נאסע נאכט
האָט געטונקלט
אינ'ם שווארצן בילד
אויף א שויב. –

א גוואַש-פּאָרטרעט
פון א בוים

דער פייגן־בוים
וואס גאָלדיקט זיך
מיט געלע בלעטער;
האָט זיך אריינגעפלאָכטן
א בלויער שיין –
א פעדער פון א גרויען פויגל
האָט געציטערט אויף א בלאט.
אראָפּגעהאָנגען האָט א צווייג

ווי א מידע מענטשן־האַנט.
האָט דער געלער־בלעטער־פּאַל
געגאַלדיקט אין דער זון פאַרבאָרגן,
די פויגל־פּעדער מיט איר גרוי
האָט אַרויסגעשטראַלט
א טונקל־בלוי.

א צייכנונג

כ'האָב געזען אַן אַלטן מענטשן
דרעמלען אויף אַ שטול
און אַלע פעלדלעך פון זיין פּנים
קריצן זיך נאָך טיפער, טיפער –
א רויטער אונלען אונטער זיין קאָפּ
אַן אַרכיאָלאָגישער שטיינערנער ציפער...

זיינע הענט מיט בלויע אָדערן געוועבט
ליגן ווי צוויי פליגל נאָר צום פליען...
און ס'שוועבט אַרום א שאָטן
די אַלטקייט אויפצובליען – –

## דאס גאלדענע ליכט פון איינזאמקייטן

א

הינטער טונקעלע הימלען
ציטערט א רויטלעך ליכט
פון אלע, אלע איינזאמקייטן,
דו דערקאנסט דאס ליכט
נאר דאמלס ווען ביסט געשטאנען
הינטער טונקעלע הימלען –

צינדן זיך אן זיבן ימים
פארפלייצן זייער זילבער־ליכט
און עס גייען אריין מיינע נעכטנס
זיך וואשן אינ'ם זילבער פון די
זיבן ימים.

ב

צעברעקל מיר נישט, צעקרישל מיר נישט
דעם טאג, וואס כ'גיי אריין מיט מיין
איינזאמקייט –

ווי דינער זאמדביים ברעג
זיינען זיי די טעג, אין וועלכע
כ'טו אן די קרוין פון איינזאמקייט –
זי איז אנדערש, ווי די קרוינען
וואס עס טראגן הערשער,
זי האט א ווייך ליכט פון אונט־בלעטער

וואס דרעמלען מיט שטילקייט -
די איינזאמקייט גיט מיר ויידענע לאטשן
א הארפע פון שוויגן הענגט אויף מיין
וואנט -

ג

מיינע טירן שטייען אפן און ברייט
ווייל די איינזאמקייט, קומט און גייט -

דאס זיינען די זעלבע טירן דורך וועלכער
מען האט געטראגן דער מאמעס טויט אריין
דער מאמעס טויט ארויס
מיינע טירן -

דורך מיינע טירן שלאגן זיך שטראלן
זיי ווילן אלע קומען, אין מיינע ווייסע
בליענדיקע טירן -

אין מיינע גאסן פון איינזאמקייט
גייען ארום שטערן מיט ווייסע הענט
זיי פירן דעם שטערנמאן, א בלינדן
ער זאל הערן און ציילן די שטילע
טריט -

ד

וועסטו קומען אויף מיין שוועל
וועלן שטיין די ווייסע שיך פון איינזאמקייטן
און אלע שעהן וועלן זיין אנגעטאן אין זומערן
וואס זיינען נאך נישט געבוירן -

אויף א הארפע פון א בוים
וועט שפילן א ווינט א מענועט -

ה

רויטע זיידענע ווייכע אומעטן,
קומען וווינען אין מיין צעלט,
די גלעזערנע אויגן פון דער אייביקער נאכט
ווערן צעשפאלטן פון דעם גרויסן ליכט
וואס עס לייכט אין מיין איינזאמקייט -

אויף דעם הויכן טורעם, ציטערט א שטראל
ער איז געגאנגען קלעטערן, הויך, הויך
צו דערגרייכן די ווארמקייט פון א פליגל
וואס עס מאכט אויף מיין איינזאמקייט -

ו

די הענט פון אייביקע איינזאמקייטן
ציען אויף קליינע גרויע פערלעך

אויף א דינעם פאדעם פון עמעצנס א טאג -
הענט פון אייביקע איינזאמקייטן
נעמט און האלוט מיין ווידענעם טרויער -

ז

אין דרעמלענדיקע פיין
פון א קראנקן טאג,
ווערן געבוירן רענגבויגנס
וואס קומען מיך שלאגן,
ווען כ'שרייב לידער פון יאוש -
ניטא קיין יאוש, ניטא!
ס'איז דא א רויטלעכער בראשית
וואס הענגט איבער אלע איינזאמע
אין פארעמט א ליכטיקייט אויס -

ח

פון פרעמדע גערטנער
רופן מיך איינזאמע בוימער -
וועלקנדיקע בלעטער פאלן צו
מיינע פיס
זייער תפילה איז העכער פון רייד
און זייער שווייגן בליט צערטלעכקייט -

היל איך מיך איין אין די בענדער
פון לאנגע גראזן
און בינד מיך צו מיט זייער שווייגן –

ט

שאָטנס פון כלים און זאכן
אויך זיי האבן דאס וויינען און לאכן
זיי לעבן אין מיין קעניגרייך
פון דער שיינער איינזאמקייט –

י

שטיינער פון איינזאמע בערג
דארט ווו ס'ווינען שאקאלן און וויינען
בערג וואס קאנען נישט גיין פון זייער ארט
קומען מיינע אומעטן און טראגן זיי,
טראגן זיי אריין אויף מיין שוועל –

ווען זיין ווי דער מארגן־רויט
ווען אנטוען קליידער פון באגינענס
וואס קומען וועקן מיין ליד
וואס ווערט טיילמאל אנטרינען –
אין די לאבירינטן פון איינזאמקייט –

מײַן באַרג
פֿון ירושלים

ער האָט שוין געוואַרט און
אָנגעהויבן וואַקסן
איידער איך בין אָנגעקומען,
אַ שמאַלינקער באַרג, אַ צערטלעכער באַרג
אַ שם דבר, אַ באַרג מיט מײַן נאָמען –

ער טראָגט אַ סוד,
אַן אײַנגעווייד סוד,
אַ סוד פֿון אַ באַרגיקן יחוס;

עס וואַקסט מיט אים מיט
עס וואַקסט מיט מײַן בלוט
ער טראָגט איצטער מײַן שליחות –

טײַלמאָל גייען דאָ מלאָכים אַרום
וואַרטן ביזגל כ׳וועל אָנקומען;
זיי זוכן דעם סוד, זיי זוכן מײַן שטאַם
זיי זוכן דעם באַרג מיט מײַן נאָמען –
הייבט אויף אַ שטיין זײַן ליכטיקן קאָפּ
פֿאַרציילט מיט שטיינישן לשון;
ער רעדט אַזוי לאַנג,
פֿאַרציילט אַזוי לאַנג –
ווי ס׳האָבן זיך טעג אויסגעלאָשן – –

מיין בארג – איז א בארג –
פון שטיינישן פלייש,
ער וואקסט אין ירושלים באזונדער;
צויבערט דא אויס דעם טאג און די נאכט
צויבערט דא אויס זיינע וווּנדער – –

די זון קומט דא זיצן,
די שטערן מיט'ן זילבערנעם וואגן;
די לבנה נייט אויס א פויגלס א קול,
אויף א גאלדענעם ראד רייט דער פארטאגן.

זיי ווארטן דא אלע ארומעט דעם בארג,
קעמען די צייט מיט א קאם פון זילבערנעם
שימער –
און איך פארווייל, לויף אפּ א מהלך אזא
צו קרוינען מיין שטענדיקן זומער...

דאָס ראָד מַזָלוֹת
פון בית־אלפא
(באַלאדע)

א
שלעפעריק איז דער הר גִלְבּוֹעַ
קייקלט זיך מיט א שטערן

ביז בית־שאָן.

דאָרט וואַרט אויף איִם די מרכבה
געשניצט פון פאַרצײַטיקן דעם ווייסן
און איידער וואָס ווען –
בלײַבט די מרכבה אין בית אלפא וואַרטן...

דאָרט אין דער אַלטער שול
שטייט א מענטשל, א מענטשל פון מאָזאַיִק
ער איז דאָס דער –
וואָס דרייט דאָס ראָד פון מזלות –

און אָט רופט דאָס מענטשל אויפן קול:
״תעמוד ריקודה בת הינדל־חנה מירושלים:
שטײַג אַרויף אויפן וווּנדערלעכן פּאָל!
ביסט אין בית אלפא!
שטײַג אַרויף אויפן טעפּיך פון מאָזאַיִק!
טרעט לײַכט מיט די פיס.

קוק אויפן חלום וואָר –
זעץ זיך אויפן גלגל פון מזלות –
בלײַב זיצן אַלע דײַנע יאָר״! –

ב

און איך גיי אַריבער די ברייטע שוועל:
טוט דאָס ראָד זיך א דריי און א טענצל;
כ׳פּאָר אין כישוף־ראָד פון א קאַרוזעל...

דער לייב פון פּרוכת און ארון הקודש –
גראָד איז ערב ראש חודש ניסן,
דער פרילינג פּיקט זיך פון בראשית־ערד;
און דאָס מענטשל מיטן גרינעם האלדז
טוט א קנאַק מיטן פינגער:
אלע לייבן פון פּרוכת האבן רויטע צינגער...

ג

די תקופה פון ניסן:
ביי דעם שקדים־בוים איז דאס העמדל צעריסן,
ביי דער תאנה שפּראָצן מילעך־ברוסטן שווער,
ווי זי וואלט א יולדת געוועזן..
אירע פארקאלעכטע פיס
דרעמלען אין פרילינג־ערד...

ד

און איך פאָר אויפן ראָד פון מזלות –
צוויי טויבן מאזאיק דרייען זיך מיט מיר מיט;
– בלייב שטיין! – רופט דאָס מענטשל:
שנופּ אריין דעם צוויט...
נעם ארום דעם טְלֶה..."
פאָרכטיק איז דער טלה אין גאנג
א ציטעריק ליד א פאָרכטיק געזאנג...
זיגזאגיק גייט מיר דאס מענטשל נאך

– ״שוועבער – זאגט ער – מוז קאנען שוועבן״...
און ער דערלאנגט מיר פליגל צוויי
פון איינעם א מלאך וואס אין שטיין טוט לעבן...

איך שוועב – – –

ו

דאס ראָד פון מזלות דרייט זיך
עס שארן אונטער מיר, פון עמעצן די טריט...
מזל־בתולה! – רופט דער מגלגל,
מזל־בתולה! בלייב אין מיט! –
מזל בתולה האלט אן עמער
עס בולבעט זיך א זילבער־שיין;
און אָט שטיי איך שוין אין וואסער
עס האלטן מיך צוויי פיש אונטער די ארעמס
פיש מיט גאלדענע אויגן;
זיי קוקן צו מיר דערשראָקן
מעוברתע מיט רויגן...

ז

מזל טֵבֵת בוקט מיר,
און עפנט א שנייאיקע טיר,
דאָס מענטשל שטויסט מיך אריין –
דאָרט שטייט דער כהן־גדול מיט א בעכער וויין...

דאָס ראד בלייבט שטיין:
אין שול שארכט אויף געוויין -
די מזלות אלע בעהאלטן זיך אין ראָד אריין...

ח

שפאנט איין די אייזלען און קעמלען,
די פארצעליי מרכבה בלייבט נישט דאָ.
שפרייט אויס דעם ווייכן סאמעט,
דעם סאמעט וואָס איז טונקל־בלאָ!

מיין מאמע שרייבט
א בריוו

א שיינע באבלעטערטע טאָפּאָליע אין א סאָד
זיצט מיין מאמע אין איר בלומען־קלייד;
עס קייטלען זיך שורות אין א קיילעכדיקן ראָד -
עס ציען זיך שורות, ווי וועגן אין דער לענג, אין דער ברייט

זי שרייבט צו אירע שוועסטער צוויי,
נישט מיט פעדער, נאָר מיט בליי,
און עס פאלט פון אירע אויגן אַ דינער רעגן -
עס גייען שורות אין אזעלכע ווייטע וועגן -

דאָ א זיפץ, דאָרט - א שמייכל,
ס'איז דער בריוו מיט חכמה און מיט שכל.

כאָטש עס טריפט אין ישראל יונג פאַרגאָסן בלוט,
ליגן טרייסט־רייד אין די שורות אינדערמיט.

מאָלט זי, ווי א מאָלער, די צווייגלעך טרויבן;
די רויטלעכע ארבוזן, די מעלאָנען,
די גאָלדענע "מעראנצן" און געלבלעכע באנאנען,
און ווידער ווערן פייכט די ברילן אירע־אויגן־שויבן.

ווי מילאָיִנען גרעזער - אזויפיל לשונות!
ווי נעמט מען אייך דאָ ביידן - מיינע שוועסטער - דאָ אהער -
און ס'עפנט זיך די בענקשאפט, ווי א קאָלירטער שירם,
ווידער פאלט אויפן פאפיר א גרויסע פולע טרער. - - -

1937

די באַלאַדע פון
הינדל־חנה'ס תפילה

די קאַשטאַן־ביימער וואַשן זיך אין רעגן.
ס'איז האַרבסטיק אויף די וועגן.

ס'איז האַרבסטיק און ס'איז אומעטיק,
און ס'גייט אַרום אַ תפילה
אין אַן אויסגעקוילעטער יידישער קהילה.

הינדל־חנה -
וואָס האָט אַ שטענדער אין דער ווייבער־שול

אין אַ קראַטעשטאָט אין אויבן־אָן,
איז אָט־וואָס געקומען פון ירושלים
מיט אַ זעקל תפילות
און מיט אַ קריגל מים.

זי וויל דעם שטענדער וואַשן,
די קראַטע־שטאָט אָפּשטויבן,
די פענצטערלעך פון ווייבער־שול
מיט ווייסע פאָרהענגלעך פאַרשטעלן,
און זעצן זיך און תפילה טאָן
ס'זאָלן הימעלן זיך צעהעלן. - - -

די קאַרשן־ביימער זאָגן: סקאָצל קומט,
הינדע־חנה, -
איז ירושלים זייער ווייט פון דאַנען?
זיינען דאָרט די זית־ביימער שענער?

די פלוימען־ביימער מיט די בלויע טויען
האָבן הינדל־חנהן אַ סוד איצט צו פאַרטרויען -

אַ גאַסט פון ירושלים -
אין דער האַנט אַ קריגל מים,
אויף די אַקסלען אַ זאַק מיט תפילות
פאַר אויסגעקוילעטע קהילות.

די עפּלביימער שווייגן, –
אפשר וועט הינדל־חנה דאָס זעקל תפילות
צווישן זייערע שטאַמען לייגן.
אפשר וועט זי זיך דערמאָנען: –
געוואוינט ניט ווייט פון דאַנען.

האָט דער וואַלד מיט זיינע סאָסנעס זיך פאַרקלערט,
נאָר די קוקולקע האט גערופן:
הינדל־חנה, סקאָצל קומט!
געקומען זען אונדז אַלע?
אַזאַ גאַסט פון ירושלים
מיט אַ קריגל מים!

די פעלדער מיט די בינטלעך קאָרן
זיינען מאָגערע געוואָרן;
די ווייצן האָט עס מער פאַרדראָסן:
הינדל־חנה האָט אויף זיי
אַ טרער אַרויפגעגאָסן.
זיי וויסן ניט פאַרוואָס.
אפשר ווייל סע וואַקסט מיט זיי
אַ טיפער הויכער גראָז,
און אפשר ווייל
די קאַרטאָפל גייען אויף מיט וויסן בליי?

און אפשר ווייל זי איז אַ גאַסט? –
און אפשר ווייל זי איז ניט מערער הי?

און בערעלעך אין וואַלד – די רויטע,
ברענגען זייערע זאַפטן פאַר די טויטע, –
נאַשט זי אויס אַ בערעלע און גייט,
ס'איז אַ מהלך־ווייט.

ירושלים, ירושלים,
הינדל־חנה איז ווידער דאָ צוריק, –
זי האָט אַהינגעפירט די תפילות
פאַר די חרובע קהילות.

## מיין מאמעס שיך

א

פון אלע מאמעס זאכן נאָך איר טויט
פארבליבן איז אין קאסטן א פארמאכטער
אין טרויעריקן רויט,
און אין קאסטן – א פארמעג:
אירע שיך
פון אלע טעג.

זי האט געהאט כל נדרי־לאטשן
אין וועלכער נאר א מלאך גייט.
און לאטשן ווייכע, ווייסע, דינע,
צוגעפּאסט צום קלייד.
זי האט געהאט יום־כּיפּור־שיך
פון ווייכן בלאען סאמעט.
לאקשיך פול מיט שפּיגלגלאנץ.

און ברוינע שנורעוואדלע־שיך, –
זי גייט אין זיי
פון גאס אין קיך.

ב

ווען ס'קומט דער יארצייט,
עפנט זיך אליין דער שווערער דעק,
און אלע אין א ריי
קלאפּן אויס א טיפן ווי
און גייען מיטן וועג
צום הר הזיתים,
צו די מתים. – –

צוריק זיי קומען אן פארשטויבטע
איינגעבוקטע אונטער לאסטן,
שלאפן איין אין רויטן, שווערן קאסטן.

א

דו ביסט נישט געקומען
ווען ס'האָבן זיך מיינע קערשן
מיט מיינע ליפּן גערויטלט.

דו ביסט נישט געקומען
ווען ס'האָט זיך אין מיין גאָרטן
פאַרליבט דער רויטער מאָנקאָפּ
אין דער ווייסער שעמעוודיקער
קאָנוואַליע. –

דאַמלס האָבן בארנע־בוימער
פאַרלוירן זייער ווייסן צוויט;
א גזשאָנדע גרינע ארבעס
האָט געהאלדזט די רויטע ריבן...

צווישן געדיכטן קאָרן
האָבן געזונגען פעלד־פערדלעך
פון מיין קערשן־צייט...

דו ביסט נישט געקומען.
איך בין געשטאנען מיט מיינע צעפּ
זיי האָט די מאמע פאַרבונדן
ווי א צווילינג אין צוויי...

א זיסער זומער ווינט
האט געקושט מיינע אקסל
מיין קליידל איז געווען ביז די קני
און די ארבעס־שויטן האבן געהאט
קעצישע דראפקעס
געקראצט מיר די סטאָפּעס...

ב

מאנכעס מאָל
וועקט מיך אויף פון שלאָף
דער פלוימען־בוים
פון וואלעק־שליווע.
פאמעלעך – זאגט ער –
גיי אראָפּ פון די אקסל...
וועסט גענוג האָבן פלוימען
ביז דו וועסט ווערן א כלה־מויד...

ס'איז א ווייסע אלול־נאכט
אין ירושלים –
די פרומע יידן בלאָזן שופר
ס'איז הארבסטיק קיל
א שטערן ליגט אויף מיין
דיל –
אריינגעפאלן דורכ'ן פענסטער...

ס׳שטייען צווײ געשפענסטער:
דער פלוימען בוים א דארער
וואלעק־שליווע
מיט א פערדיש הויכער גריווע –

ג

דער אלטער פוסטעלניק
מיט די גרויע לאנגע האר,
איז זיכער לאנג שוין טויט,
כ׳זעה נאך היינט
ר׳קנייפט פון טאש דאס ברויט –
און דער גרויסער צלם אויף זיין האלדז
ווערט איינגעדארט אין שמעלץ פון
אייביקייטן...
עס ווינט נאך מן הסתם ביז
היינט צו טאג אין די בערג
זיין לעכערלעכער שאטן –
ער פלעגט פארביי גיין אונזער גארטן
אפצופען א בלעטל –
בלייבן שטיין
פארקוקן זיך אויף מיינע צעפ
וואס זענען פארבונדן
מיט רויטע קערשן –

ער האט מיט'ן שטעקן געטאן א דריי
לאזן זיך אן איינגעבוקטער אין די בערג
העט ווייט
נאך אמאל מיט'ן שטעקן געפאכעט
נאך אמאל זיך איינגעבוקט. –
ער האט אים מיטגענומען
מיין קערשן־טאג דעם רויטן
ער האט אים אויסגעטרונקן
מיט די אלטע אויגן –
וואס האב איך דאמלס דען געהאט?
בלויס א בוים, א קערשן־בלאט –
בלויס א זומער־הימל און א בלוי –
און אלע יונגע טעג איינגערעמט
אין מאמעס אויגן־פאלאץ –

היינט אז כוע א בידנע ביסל קערשן
אויפן גאס –
בלייב איך שטיין –
זיי זענען מער נישט רויט
די מאמע איז שוין טויט –
איר אויגן־רעם ווער ווייס?
ווער וועט מיך איינרעמען איצטער?

כ'האָב נישט פֿאַרשטאַנען
פֿאַרוואָס דו ביסט מיך
געווען מקנאה
אין מײַן קערשן־צײַט. –

כ'האָב ליב געהאַט דײַן שפּיגל
כ'האָב מיר אָנגעמאָסטן דײַנע
קליידער
דער שפּיגל האָט מיטגעלאַכט
ווען גענדיק מיך אין דײַן
רויטער שובע...
כ'האָב נאָכגעמאַכט דײַן גרימאַסע
כ'האָב געשטאָלפּערט אויף די
הויכע קנאַפּל
פֿון דײַנע לאַטשן...
פֿלעגסט נישט איינמאָל מיך
אָנפּאַטשן!
ס'האָט דער שפּיגל מיטגעלאַכט...

דײַנע סאַמעטענע פֿײַכטע אויגן
האָבן זיך נישט לאַנג געבײַזערט
"פּאַן טאַדעאוש" פֿון מיצקעוויטש
האָט מילד געמאַכט דײַנע הענט
איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען

״יאנקלען מיט די צימבאלעס״
אין בעט האט זיך פארגנבעט
דיינס א שיך...
שוועסטערשי
דאס בין איך – –

טאָקאטא און פוגא

זיידענער געל־גרינער סאמעט
א געוועב פון דינעם טיול;
אין די בערג איז הייליק
שטיל –

ס׳האָבן חתונה צוויי שוואלבן
אונטער לבנה דער האלבער!
מוראשקעס אין שרענגעס
כלניות אין רויטע סטענגעס
א האָניק־טרונק ברענגט דער ווינט.

פלעדערמייז אין קרומע שיך
פליען בלינדע –
איינע הענגט זיך אויף א וואנט
פליען א טאנץ

פארשווינדן –
אין אן אין־סוף א בלינדן.

יוני־האָניק גיט דער ווינט
אויף סאָסנע – נאָדעלעך;
די שכנה, אַן אקאציע
בוקט זיך מיט א גראציע
די אקאציע די הויכע
מיט דער שמאלער טאליע.
– – –
זיי וועלן שוין קיינמאל
נישט גיין אָן מיר,
די הימלען אין די גרינע זעפירן;
ווארטן וועל איך דא אויף זיי
ביי שמאָלע ווייסע טירן.
נידערן וועלן הימלען צו מיר
מיט דעם שטערן־וואָגן
טאָקאטא און פוגא
וועלן אויסרופן מיין נאָמען:
– "הינדל־חנה'ס טאָכטער
ווערט מיט אייך מיטקומען!" –

וועלן די יוני־הימלען
פאמעלעכיקע זיך בוקן

מיט די אקסל צוקן;
די שמאָלע ווייסע טירן
ווערן זיך צוריק צומאכן. –

## די גאָלדענע פישלעך

פון פראָנדניק
פון "אויצאווער" טייך
האט מען זיי געפאנגען
אין גרינע פלאשן –

גאָלדענע פישלעך
פון מיין קערשן־צייט –
זיי האבן ארומגעפליעסקעט
געני׳ ווי איצטער
אין מיינע טייכן־אלעיען
פון מיינע זכרון־לאבירינטן –

דער קערשן־בוים
האט געקערשנט
מיט א דינעם איידעלן
ווייסן צוויט.

דער צוויט האט זיך ארומגעשיט
איבערן גאָרטן –

דערנאָך האָט דער ווינט
אַרויפֿגעוואָרפֿן דעם צווייַט
אויף מיינע האָר.

די גאָלדענע פּישלעך...
פֿון ''אויצאָוער'' פּראַנדניק
האָבן געקוקט אויף מיר
- איינאויגיק
געמיינט כ'זאָל זיי צוריק
פֿירן
כאָטשבי אין אַ גרינע פֿלאַש
כאָטשבי אין אַ געלן בלאַט - - -
צוריק אין דעם טונקעלן
- טייך
האָב איך ליב געהאַט זייער פֿאַרב
און איינגעשלאָפֿן זיינען זיי
אין מיינע קערשנדיקע יאָרן
וואו איך האָב געמאָזולט
געלעקט מיינע ראָזלעכע נעגל
פֿון די פֿיס
אינאיינעם מיט'ן יוני־ריח
וואָס האָט אויך דעם קערשן־בוים
געצערטלט.

בורא נפשות,
חמלה רבה!
ווײַכע שלוה
צאַפּלדיקער הירש
פֿון ווײַטקײַטן.

סאַמעטענער גרינער אַרום,
צווישן די שורות מטפּסים
גייען שפּאַצירן:
ריש לקיש און שמשון. –
ווי שמועסן ווענן זמרה,
ווענן געזאַנג פֿון טרילערער –
שוואַלבן פּלאַטערן אין זיגזאַגן
יונגע אַנקורים פּיפּעצן
פּיפּעצן מיר אין אויער
דאָס וואָס קינדער האָבן געשפּילט:
"קאַמער־קאַמער־טיר"
איך בעהאַלט מיך מיט דיר!

אונטער דעם סופֿרס פֿענסטער
אינ'ם געסל פֿון שערי־חסד.
דער סופֿר מיט דער געגנדזענער פּען
שרײַבט, שרײַבט מגילת־ישׂראל.

דער אָוונט שמעקט מיט היי.
ס'איז ערב מאי –
אויסגעגאסן האָבן די געוויקסן
א גרינעם כישוף־טייך
אויסטערלישע ווינען וייערע סודות.

בורא נפשות,
חמלה רבה!
ווייכע שלווָה
צאפלדיקער הירש
פון ווייטקייטן. –

געקרוינטער פרילינג

אין מיינע ירושלימער בערג יהודה
גייט ארום דער יונגער ווינט,
ער קעמט די גריוועס
פון די גרינע בערג,
און אומעדום, אומעטום
רויטלען זיך צווישן גראזן
רויטע מאן־בלומען.

ווייס איך ניט,
וועמעס פרילינג איז שענער?

מײַנער איז אַנדערש!
מײַנער איז אַנדערש!
כ׳זאָג דעם אמת פֿאַר אַלע:
עס איז זיך אַ יונגער טאָג
פֿונסנײַ אין מיר נתגלה.
עס הוידען זיך מײַנע פֿיס
אויפֿן ווײַסן בעז־בוים אינדערהויך -
אַרום אַ וואַסער־מיל
פֿון אַ רויטן קוימען קרויזט זיך
אַ געלאַקטער בלויער רויך!

ווײס איך ניט,
וועלכן פֿרילינג
כ׳זאָל פֿאַר מיר איצט זאַלבן,
וועלכן די קרוין צו קרוינען?
מסתמא דעם יונגסטן טאָג,
וואָס גײט אויף אין אַ ליד
מיט די דינסטע אײדלסטע רײמען!

אַזוי צי אַזוי - איך קרוין אים
מיט דער גרינער גריוועס,
ער לויפֿט איבער די בערג יהודה;
רופֿט מיט אַ קול פֿון זילבער:

- "קום מיט!
קום מיט!
- ריקודה!"

אָדע צו מײַן טאַטנס
אכציק יאָר

א

מיט'ן תהילים
וואס ברענגסט יעדן פרימארגן
אין דער תימנישער שול,
נעם מיט פון מיר דאס יונגסטע ליד,
לייטער עס אינעם נר־תמיד
וואס ציטערט אין וואנט.

איך וויים, דו גלויבסט נישט
אין מײַן יידיש ליד,
דײַן ליד איז שיר־השירים,
נאר איך בין דײַן קינד,
וואס איז א יוצא דופן...
איך וויל נישט בשום אופן
אויפגעבן מײַן אײַנזאמען וועג;
וואס בלישטשעט מיט בעכערלעך טוי
אין מארגנגרוי. –

ב

ווען כ'בין געווען קליין ווי א פויגל,
האסטו מיך געלערנט גײַן,
אין קרייז ארום טיש.
כ'געדענק אלע אוצרות פון נגונים –
איצטער ווען איך זינג,

ווי א פויגל אַן א דאַך,
און נעם אַרום דעם הימל אויף מײַנע קני
איז א זינד
צו גיין אויף הענגענדיקע וואָלקנס,
איז א זינד
מיט שטערן זיך צו שפּילן?

ג

אַנומלט זענען מיר ביידע געזעסן
ווי פאַרלוירענע דעמער־שטראַלן;
דו האָסט געהאַלטן אין דײַנע הענט דעם משניות,
און איך – מײַן ליד "די סמאַלע־גיסער"

גאָרניט איז געווען אונדזערס,
ניט דאָס טעגלעכע ברויט,
ניט די זון׳ס פאַרביקער קרישטאָל,
אויך ניט דאָס זילבער פון קידוש־בעכער,
וואָס האָט געוויגט זיך אויפן טיש אַן ווײַן –
צו אונדז האָט בלויז געהערט דער ווײַטיק
מיט זײַנע קרומע נעגל,
וואָס האָט ביידן געשטאָכן,
און דײַנע קינדער יאָרן
זײַנען פאַר מיר פאַרבײַגעלאָפן

ווי טויבן איבערן דרויסן
פון דער נאקעטער שויב.

מיין ניט אז די אלטע יארן זענען טריבע
זיי זענען ווי אויף אוראלטע בוימער
די קרוינען פון זונען.
מען דארף זיי תמיד פארקליידן
אין תפילה׳דיקה מלבושים
און מיט א חוזק אקייגן די,
וואס מיינען, אז זייער אייביקייט איז גרעסער. -
איך וואלט וועלן אויפציען אויף א שנירל דיינע תפילות
און גיין מיט זיי איבער די גאסן,
אזוי ווי ירושלימער יידן־קורדן,
וואס צווישן זייערע פינגער
מיט בורשטינען ציילן זיי די ספירה...

ווען איך בין ברוגז מיט מיין גורל,
בעט איך דיך, זאלסט מיר פארציילן
וועגן דיין ווייס פערד,
וואס האסט אויף אים געריטן
אויף לאנקעס היי,
אין דעם פיליצער קעניגרייך,
וווּ דער טייך האט פארציילט
לעגענדעס פון פאניאטאווסקי.

ווען איך בין ברוגז מיט מיין גורל,
בעט איך דיך זאלסט מיר פארציילן
וועגן דעם שטאט־נאר, וואס האט געסטראשעט
אין די וואלבראמער וועלדער;
וועגן זיידע יוסף־בער, דעם מעד פאבריקאנט,
וואס האט געקאכט די קעסלען מעד אין קעלער.

ווארעם דארט אין קעלער צווישן פעסער
פון טוכלע האניק און אלטן מאך,
האסטו געזען א הענטל,
וואס האט געמישט דאס מזל
מיט'ן האניק פאר די האניק־אויגן מיינע.
אין ווינטער־נעכט די בלויע
האסטו געטראגן שטערענדלעך פראסטיקע אויף דיין קאפטאן
און א פחד אין די לענדן.
פארצייל, פארצייל מיר –
א כמארנע טאג שפילט זיך אויף מיין ברעם,
ער האט גענוי דערטאפט דאס רעמל פון מיין אויג,
לעקט מיר אויס דעם האניק
און גייט אוועק מיט'ן זיסן וויי.

ד
אזוי שיין זיינען דיינע אכציק יאר.
דו ביסט ניט געבויגן.

א הירש האט דיר געשענקט זיין פלינקייט
און צירלעך איז דיין טראט.

וואלסטו נאך געגלויבט אין מיין ליד,
וואלסטו געוווסט, אז ס׳איז ניט קיין זינד
מיט א פויגל אין די רוימען אפצופליען
ארומנעמען דעם טאג מיט ״אדון עולם״
ביז כ׳וועל ווידער קריגן פליגל
פון אן אויסגעחלומטן פרימארגן.

אין ירושלימער שטיינערנעם אין־סוף
בלאנדזשעט מיין טרויער
זוכט א באהעלטעניש,
ער שלאפט איין ווייל ער מוז אויפוואכן
איך זאל קאנען ארויסשיקן סיגנאלן
צו א נייעם שטראל וואס ווערט געבוירן
און ליגט אין וויקעלעך
פון גרינע צעדער־בלעטער.

–

דער פארביקער דעקטוך פון אוונט
לאזט זיך אראפ אויף ירושלימער בערג,
איך לייג אריין די יונגע לבנה
אין דיין אתרוגים־קעסטעלע. –

זיבן לבנות
פון הרי־גלבוע
האבן געבראכט דיר
ציגן־מילך
ווייל דו ביסט געווען
א יתום־קינד
דיינע צען יאר
האבן געבליט
מיט די כלניות אין די
בערג –
צווישן שטיינער
זיינען געלעגן
דייגע חלומות...
דיינע ווייען
טו איך איצטער
אין א ליד
געדייען – –
אביביתה.

פאר אונזערע שוועלן
האָבן נישט געוואַקסן
מאָן־בלומען,
א וואסער־קאָפּ
האָט געהאט די צייט
אנגעשוואָלן זיינען געווען
אונזערע טעג
פון מלחמה־זֶמֶר
א פּאָרכט איז אונז אריבערגעוואקסן...
מיר האבן געבענקט
נאָך חַמָניות -

\- - -

אז ביסט געווען קליין
האָבן דיך דיין סבתה'ס רייד
געלערנט זינגען
טרייסט־רייד פאר מיר -

ביידע האָבן מיר געטראָגן
א טרויריקע זון -
נישט געקאָנט זי דערוואַרמען
אזוי קאַלט איז איר געווען
ביי אונזערע פענסטער...
האָסטו געבראכט פון כפר־גלעדי

דעם ריזיקן הַר גלבוע
אוועקגעלייגט אים פאר מיר
און איך האָב געקלעטערט
צו די שטערן – –

וי אזוי דו האָסט געזען
דעם וואָרן טויט פון מיין מאמען
איז מיר היינט שוין קלאָר:
דיינע צעפּ
האָבן געוויינט נאך אירע הענט –
פון אירע פינגער
האָט דער טויט אויסגעזויגן
אירע בלוט־צעלן –

דיין סבתה׳ס טויט

איר ליכט
האָט ער צוביסלעך געשעפּט
מיט אן אלטן זשאווערדיקן כוס...
אין א ניסן־טאָג
ווען קיינער וויל נישט שטארבן
איז דער חַלֶף געווען נאס –

### דער לעפל

גאָר נישט האָט די פרעמד
די דרויסנדיקע קאַלטע וועלט,
דיר אויסגעבריט אונטער איר
הארץ –
נאָר דער לעפל
מיט וועלכן דיין סבתה
האָט טעגלעך געגעסן
איז מיטגעגאַנגען מיט דיר
אַריינגעטריפט דיר
אין מויל די זיסקייט
פון אירע פשוטע רייד –

געלערנט דיך די תורה
פון גאָלדענעם שווייגן
איינגעשטילט דיר א הונגער־טאָג
מיט איר לעפל – –

### שפּיטאָל-מוזיק

אָרגלען ווערן הייזעריק
קלאַרינעטן כאָרכלען,
און ציעלאָס וויינען

וועקן אויף די לייד
פון גאָטס־געפּלאָגטע –

שטום בלייבן דיינע אויגן
ווען דו געפינסט נישט
דעם גואל
און קאָנסט נישט אריינגיסן
דעם גאנצן סוד
אין מענטשלעכער לייד...
דערמאן זיך אין די הרי־גלבוע
ווי שטיינערנע טרערן
וואקלען זיך מיט תפילות
צום בורא –

דאָס געזאנג גליק
וואָס דער פויגל
האָט אויסגעזונגען
דער פויגל, דער תושב
פון עין הוד
ער האט רויטע פעדערלעך
און א קרוין

דאס האט ער דיר געבראכט
איינגעוויקלט די פערל
פון גליק –

פּאליזמאנען

וואס קאן איך דיר שענקן
מיין קינד –
דאָס אויסגעשוירענע
זוילעכל פון דיין פּיס
ווען ביסט אלט געווען
א יאָר!
די פּאָר בלאָנדע הערלעך
די ערשטע, וואָס זיינען
אויסגעוואקסן
ווי אויף א ניי פעלד
קארגע גרעזלעך –

דאָס ״גאווער־שערצל״
וואָס האָסט געגאווערט
אויף צו קריגן ציין –
און מיין טרערן־טיכל
דו וואָלסט געראָטן זיין –

זכרונות

א לאָדושער־וואָקזאל
דיינע שפּילצייגן ווײַנען
דיין בעטל לויפט נאָך
בעט זיך:
" – נעם מיך מיט!"

–

די פילם־לענטע
גייט צום סוף –
ס'איז געווען
א פארביקער מיראזש...

–

נעם ארונטער מיך
אונטער דיינע פליגל
ירושלים –

עין גדי

אָלעשין

זוך מיר אויס א לאנד
וואס זאל האבן אזא זונען־בראנד
ווי הי –
אין עין גדי!

זוך מיר אויס אזא לאנד
אז שעפּסלעך זאלן זיין ווי קינדער
און מענטשן זאלן זיין ווי רינדער
ווי הי
אין עין גדי!

זוך מיר אויס אזא לאנד
זוך מיר אויס אזא שלווה
ווו בערג ליגן צווישן וואלקן
און גאָט קיניגט אויף זייער באַלטן
ווי הי
אין עין גדי!

זוך מיר אויס אזא לאנד
אזא האָניק פון בינען;
סע זאָל פון די הימלען זיסקייט רינען
ווי הי
אין עין גדי!

זוך מיר אויס אזא לאנד
מיט אור־מענטשן – מיט פנימער שטאַרקע שטיינער
מיט לאַכנדיקע גדי מיט ווייסע ציינער
ווי הי
אין עין גדי!

## די אויגן פון ישראל־דערפער

כ׳האָב אָפּגעציילט די
דערפֿער מיט די אויגן –
עין איז אן אויג –
טו איך זיך פאר אלע אויגן
טיף א בויג –

דיינע אויגן,
מיינע אויגן,
קינדער־אויגן
זונען־אויגן
פרייד אין אויגן
טרויער־אויגן –
הארבסט אין אויגן
ווינטער־אויגן –
פרילינג אויגן
זומער־אויגן!
טו איך זיך פאר אלע
טיף פארבויגן –

אזא פארמעג
פון אויגן־דערפער!
כ׳דאנק דיר
כ׳דאנק דיר!

האָסט מיין לאנד
באשענקט מיט אויגן;
די דערפער זיינען אלע
איצט באאויגיקט
דעקסט זיי איין
מיט בלויע הימלען
פארקנעפּלסט זיי
מיט שטערן
גענוי ווי כ׳האָב מיר דאס
געמיינט!
היינט:
די נעמען פון די דערפער
כ׳זע זיי תמיד גרעסער שארפער!
זיי וואקסן פאר מיר
טורעם־טורעמס
כ׳נעם אריין זיי
אין די ארעמס –
און איך צייל:
עין צהלה
עין עילה
עין אלאסד
עין גב
עין גדי

עין גנים

עין הוד

עין החורש

עין המפרץ

עין הנציב

עין השופט

עין השלושה

עין ורד

עין זיתן

עין חדה

עין חרוד

עין חצור

עין זהב

עין יהב

עין יעקב

עין כרם

עין כרמון

עין מהול

עין נטיפים

עין נעמן

עין גירין

עין צורים

עין שדה

עין שמר
עין שרה
עין שריד

א געשפענסט פון
א פידל
זאבין

דיין פידל איז געקומען מיר
צום חלום;
אין א בינטל שטרוי זיך
איינגעהילט...
א סטרונע איז געהאָנגען
אויף איר אויער
די סטרונע האָט אליין
געשפילט...
– טו אויס דעם שטרויענעם בֶּגֶד
האָב איך ברוגז איר געזאָגט –
די סטרונע איז געהאָנגען
אויף איר אויער
און די פידל האָט געקלאָגט...
– ״כ׳בין שוין מער נישט
מער קיין פידל,
כ׳בין פארשטויסן אין אַ זאק...
אינ׳ם קאמער ליגט א האַק –

צעקלאפּ מיך, כ'בעט דיך
מיט דער האק" –
פאַמעלעך האָט דער חלום זיך
פאַרענדיקט
כ'האָב אויפגעוואכט אינמיטן נאַכט!
ס'איז געווען תשי"ט
מיין אייגן בֶּגֶד אויפן בעט
האָט מיך דערשראָקן...

א וואָגען מיט
קינדער-שיכלעך
(אַרדאָנען)

א
ס'שטייט א וואָגן איינגעשפּאַנט
נישטאָ קיין פערד,
קיין לייץ,
קיין האַנט –

בלויס א וואָגן מיט פיר רעדער
קינדער-שיכלעך
און א סֵדֶר...

סתם צעוואָרפענע,
סתם צעשנירטע,
נייע, אַלטע
נישט געשנירטע. –

נישט געפּוצטע
שטויב פאַרשטויבטע –
בלויז דער וואָגן
מיט פיר רעדער –
שיכלעך, שיך
אין אַ סדר – –

האלב אין טונקל
האלב אין חושך
גייט דער וואָגן
הין און הער
אין דער לערקייט
– לער –

גייט א ראָד
ארויס פון רעדער;
מעסט א שיכל
מעסט אויף רעדער...
טענען צונ'איס רעדער דריי:
– שיכלעך מעסטן
פיס נאר – צוויי! –

גייט א ראָד
צום צווייטן ראָד

– א שאָד!
רעדער צוויי
רעדער צוויי
מעסטן שיכלעך
– ווײַ –

שטייט דער וואָגן
מיט פיר רעדער
שיך און שיכלעך
אָן אַ סדר

ב

א קינדער־וואָגן
מיט א ליאלקע

דער ראָזער וואָלקן
קעמט די לאָקן;
צייל פון אויבן
טויזנט שטאָקן...

די לעצטע טרעפ
פון לעצטן שטאָק,
דער וואָלקן קעמט
זיין גרויע לאָק...

די ליאַלקע שמייכלט
זי חלומט פון אַ קינד;
ס'איז ליידיק טויט אַרום
דער וואָגן אויסגעקרומט – –

וואָס טוט אַ קינדער־וואָגן דאָ?
דער הימל האָט קיין טראָפּן בלאָ –
דער הימל האָט נאָר שוואַרצע פלעקן
אַ שׂרפה!
דער יונגער שטערן
וויל נישט איצט געבוירן ווערן...

נאָך אַ רגע,
אַ ווינציקע מינוט
פאַרענדיקט ווערט דער
שוואַרצער שניט –

רב יוחנן הסנדלר
שטייט ביים וואָגן
לייגט אַריין
ס'פּאַרטאָגן...
ער דעקט אים צו
מיט דער שוואַרצער שעה – –

פונם זעלבן מחבר:

**ווינט אויף קלאווישן**

(פארלאג אייגנס, לאָדוש 1934);

**פון קדרון־טאל**

(משה עובד פארלאג, לאנדאן 1952)